בהמה! נאָך קענסטו זי נישט, די כל־בו'ניצע, וואָס פאַר אַ גראָשען וועט זיךביידע אויגען אַרויסנעהמען! לאָזען איהר טאַקי די אויגען אַרויסקריכען ביז זי וועט מיך זעהן מיט מיין סחורה ביי זיך! היינטיגס מאָל לאָז איך מיך, נישקשה, שוין נישט מעהר שפּייען אין דער קאַשע, שאַ, שלאָג מיך נישט איבער. וואָס, גולם, האָסטו אויסגעשטעלט דיינע קעלבערנע אויגען אויף מיר אַזוי? האָרך בעסער, שמענדריק, און שווייג.

— סווייג, סווייג! ווייש נישט מעהר ווי סווייג. וואָס־זשע איז בראש אַזוי דאָש סטיקעניש? — שושקעט מענדיע דעם ווייב אין אויער אַריין. און פאַר צופיעל אַבהיטעניש פערפּלאָנטערט זיך איהם די צונג, פערבייט אַ שין אויף אַ סמך, אַ סמך אויף אַ שין, און עס קומט אויס נאָך ערגער געפּייפּט.

— טפו! — שפּייט האָדיל אויס, אַ מאַך־געבענדיג אוי דעם מאַן מיט דעם לעפעל — אַ פּייפען אַ ביסעל! אָ — אַ פערפּייפעניש זאָל אויף דיר קומען, רבונו־של־עולם! זאָלסט פּייפען, פּייפען... נו, שמענדריק, דו האָרכסט? דאָס מיידעל דאַרט שלאָפט. שאַ! זי זאָל זיך נישט אויפחאַפּען און הערען... נאָך אַ טעם האָב איך, וואָס איך אייל מיך: לאָז זי אַ צוויי, דריי טעג בלייבען ביי אונז דאָ, אונטערפּילעווען זיך אַ ביסעלע, נעהמען אויף זיך לייב, נישקשה, אַ געגזיל אַז מען שטאָפּט, גיט עס דיר שמאַלץ. אָט האָסטו צוויי טעמים, צוויי מכות דיר! און דער דריטער טעם טרעפט איבער אַלע אַנ־דערע — אַ דריטע מכה דיר אַ גרויסע דערפּאַר, וואָס דו האָסט אַ קאַצענ־קעפּיל און פאַרגעסען, וואָס נחמן־טרייטעל שרייבט אין דעם בריוועל. נחמן־טרייטעל בעט שענע סחורה, אַז ער וועט אין־גיבען קומען — זאָל ביי מיר דאָ זייט גרייט פאַרטיג, עס זאָל נישט פעהלען נישט מעהר ווי אָנוצקוקען זיך און שרייבען תנאים, כדי ער זאָל דאָ נישט לאַנג פערזוימען און באַלד טאַקי קענען מיט דער כלה, משטיינס־געזאָגט, אַוועקפאָהרען אהינצו, וואוהין ער פאָהרט אַלע יאָהר מיט דער סחורה זיינער און פערדיענט אַ שטיק גאָלד. דו ווייסט דאָך, אַז נחמן־טרייטיל בעצאָהלט תמיד שדכנות־געלד מיט דער פולער האַנד. איבער אַלע אכסניות האָב איך היינט זיך געדרעהט, געזוכט, טאָמער איז ער געקומען. מאָרגען זאָלסטו געהן זוכען איהם, שמעקען ווי אַ הונד, אַצונד פאַרשטעהסטו שוין, בהמה?

— וואָש־זשע איז אַזוינש נישט צו פאַרשטעהן? זאָגט מען עש פרוי־הער אַרויש בפירוש און — סאַ — שאַ — לאָזט אויס מענדיע מיט אַ לאַנגען פּייף.

— אַצונד, שמענדריק, מעגסטו שוין אַ מיתה משונה איינגעהמען, די כפּרה ווערען פאַר כל ישראל... אויפגעוועקט! — מאַכט האָדיל, פערקריי־

מענדיג זיך אויף דעם מאַן שטאַרק בייז, און לויפּט־צו באַלד טאַקי צוביילען אינגאַנצען ווי איבערגעביטען געוואָרען, מיט אַ פרעהליך־שיינענדיג פּנים׳ל און אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּעלעך.

— אַ גוטער אויפשטאַנד אויף דיר, ביילעניו! האָסט, אָהן עין־הרע, זיך גוט אויסגעשלאָפען? נו, גענוג געשלאָפען. צייט עסען. מענדיע! — טהוט האָדיל אַ זאָג צום מאַן, עפּיס אַזוי פריינדליך, גוט, גאָר אַ מחיה — געה מענדיע לעב, רוף אַריין די קינדערלעך. זיי אַ בעל־הבית, מענדעניו, מאַך דעם הערינג, שנייד אָן ברויט, און איך וועל מיר דערווייל אויף אַ קליין רגע׳לע אַ געה טאָן צום טעפּיל, עס זאָל נישט צוגעברענט ווערען, דו קענסט נאָך מיר, חס־ושלום, געבען גט אָהן כתובה...

האָדיל האָט ביים טיש ביילען אונטערגעטריבען, אַלץ: „לאָז זיך נישט בעטען, עס, לאָז דיר וואויל בעקומען!” מאַכען איהר גרויסע האָפנונגען, אַז אָט באַלד וועט זי מיט דעם אויבערשטענס הילף אויפגעריכט ווערען, זיך אין אַ שמאַלץ־גרוב אַריינחאַפּען, אויף אַ גוט אָרט, נישקשה.

אויף דעם סמך האָט ביילע ביים טיש זיך וואויל געטאָן און זיך געלעגט שלאָפען מיט אַ גרינג געמיט.

---